אליעזר שינדלער

# איבער לענדער און ימען

מעשׂהלעך פון גאָרער וועלט.

צענטע זאמלונג



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"

ווילנע ○ ○ ○ 1937

אליעזר שינדלער

# איבער לענדער און ימען

מעשהלעך פון גאָרער וועלט.

**צענטע זאמלונג**



פארלאג „גרינינקע ביימעלעך"
ווילנע 1937

# נִסים אין דעם מִדבָר.

אַ טאָקער, אַ גאָלדשמיד, אַ שנײַדער און אַ פרומער־דערוויש האָבן זיך צוזאמען ארויס־געלאָזט אויף דער וועלט.

אין זיי אַ מאָל אויסגעקומען איבערצונעכטיקן אין מדבר. האָבן זיי צווישן זיך אָפגעמאַכט, אַז יעדערער זאָל וואכן אַ טייל פון דער נאכט.

געוואָרפן גורל, איז די ערשטע וואך גע־פאלן אויפן טאָקער. ער איז געווען זייער מיד און שטאַרק שלעפעריק. מוֹרא האָבנדיק אנט־דרעמלט צו ווערן, האָט ער גענומען אַ שטיק האָלץ און מיט זײַן געצײַג אויסגעטאָקט פון דעם אַ געשטאַלט פון אַ יונג מיידל.

די צווייטע וואך האָט געדאַרפט האלטן דער גאָלדשמיד. דערזען די פרעכטיקע פיגור, האָט ער זיך געטראַכט:

— מײַן חבר, דער טאָקער, האָט אויסגע־פרוּווט זײַן טאלאַנט. איצטער וועל איך ווײַזן, וואָס איך קען!

האָט ער אויסגעפאַרטיקט גאָר טײַערע חפצים: אוירינגלעך, קייטעלעך, רינגעלעך,

בראָנזלעטן און שפּאַנגען, אַ האַלדזבאַנד און
אַ גאַרטל און מיט די געהליבענע צירונג באַ־
האַנגען דאָס הילצערנע געשטאַלט.

ווי דער שניַדער איז געקומען אויף דער
וואָך און דערזען ליגן די זעלטענע פיגור מיט
די שיינע צירונג, האָט ער תּיכּף פאַרשטאַנען,
אַז דאָ פעלט אַ קלייד. האָט ער זיך גענומען צו
דער אַרבעט און אויפגענייט אַ גרויסאַרטיקן
מלבּוש און אָנגעטאָן דאָס געשטאַלט.

האָט עס איצטער אויסגעזען נאָך אַ סך
וווּנדערלעכער ווי פריִער.

דעם לעצטן טייל פון דער נאַכט האָט גע־
מוזט וואַכן דער גאָטספאָרכטיקער דערחיש.
ווען ער איז אויפגעשטאַנען פון שלאָף און מיטן
פּנים קיין מעקע זיך געשטעלט דאַוונען די תּפילה
פון באַגינען, האָט ער פלוצים פאַר זיך דערזען
דאָס אויסטערליש שיינע מיידל. האָט ער זיך
גיך משער געווען, ווער ס'האָט זי געשאַפן.

איז ער געפאַלן כּורעים און מיט אַ הייסער
כּוונה געבעטן צו זמן ליבן נאָמען, אַז ער זאָל
אין דער בתולה אַרײַנבלאָזן אַ נשמה.

איז געשען אַ נס און די הילצערנע פיגור
איז געוואָרן פול מיט לעבן.

ווען די לעצטע וואָך איז אריבער און ס'האָט פאמעלעך געשאַריעט אויף טאָג, האָט זיך באַוויזן א צווייטער נס: דאָס מיידל האָט באַקומען לשון און גענומען ריידן קלוג און שׂכלדיק.

דערהערט א זיס קול, האָבן זיך די אַנדערע אויפגעכאַפּט פונעם שלאָף און אַלע האָבן זיך פאַרליבט אין דער שיינקייט.

יעדער האָט זי געוואָלט האָבן פאַר זיך אליין.

דער טאָקער האָט געזאָגט:

— גאָט איז מײַן עדות, אַז זי איז מײַן באַשערטע, וואָרום איך האָב זי מיט גרויס ליבשאַפט געפורעמט און געשניצט!

דער גאָלדשמיד האָט געטענהט:

— זי איז מײַן כּלה! איך האָב פאַר איר אויסגעהאַמערט אַזאַ קאָסטבאַרע צירונג און זי באַהאַנגען ווי א בת מלכּה!

און דער שנײַדער האָט געפּײַערט:

— זי איז מײַן חײַבו! אָדם-נאַקעט האָב איך זי געפונען אין זאַמד און איך האָב פאַר איר אויפגענייט אַזאַ ליכטיקן בגד!

לבּסוף האָט דער דערוויש פאַרגלײַזט זײַנע אויגן צום הימל און געזאָגט:

— זי איז געווען א שטיק האלץ, א טויטע
ליאלקע, און מיט דעם כּוח פון מײַן תּפילה האָב
איך בײַ דעם, וואָס לעבט אײביק. פאר איר
אויסגעפּועלט א נשמה. איז זי מײַן זיווג מִן
הַשָּׁמַיִם!

האָבן זײ זיך אַ צײַט געקריגט.
איז פארבײַגעגאנגען א וואָגלער. האָבן זײ
אים אַלץ דערציילט און געבעטן, ער זאָל זאָגן,
וועמ פון זײ ס'איז גערעכט.

נאָר קוים האָט דער וואָגלער אַ קוק געטאָן
אויף דעם הארציקן מיידל, איז ער אַרויס מיט
א געשרײ:

— גַזְלָנים! רוצחים! דאָס איז דאָך מײַן ווײַב!
איך האָב מיט איר חַתוּנָה געהאַט כּדַת־וּכַדין,
און איר האָט זי מיר אַוועקגערויבט!

און מיט דער דאָזיקער טַעֲנָה זײ אַלעמען
געשלעפּט צום קאָדי.

דער קאָדי האָט דערזען די זעלטענע יפת־
תואר, האָט ער זיך אין איר תּיכּף פארליבט
און גענומען צאָרנען אויף די מאנסבילן:

—די פרוי איז מײַן ברודערס ווײַב. אנומלט
איז ער מיט איר אוועק אין מֶרחַקים, מיסתָּמָא

האָט איר מײַן ברודער דערהרגעט און צוגע-
ראַבעוועט זײַן װײַב!
און ער האָט זײ געלאָזט שמידן אין קײטן
און זײ געפירט צום עמיר.
װי דער עמיר האָט אַ בליק געטאָן אויף
דעם ליכטיקן מײדל, איז ער פאַרכישופט גע-
װאָרן פון איר שײנקײט און האָט געזאָגט:
— װער פון אײַך האָט געהאַט די חוצפּה
צו פאַרשלעפּן די דאָזיקע מויד! זי איז שוין
פון כּמה יאָרן אַ דינסט אין מײַן הויף. זי האָט
בײַ מיר צוגעגנבעט אַ סך צירונג, גאָלד און
זילבער. װוּ זײַנען די װערטיקע חפצים אַהינ-
געקומען? ענטפערט!
איז די מחלוקה געװאָרן װאָס אַ מאָל היצי-
קער און די געשרײען זײַנען געגאַנגען ביזן
זיבעטן הימל.
האָט זיך צונויפגעקליבן אַ גרויסער עולם
און מע האָט ניט געקענט דערגײן קײן טאָלק.
איז פון המון אַרויס אַ זקן און ער האָט
געזאָגט:
— דער ענין איז ביז גאָר פאַרפּלאָנטערט
און אַ פּשוטער בשר-ודם װעט ניט בכּוח זײַן

ארויסצוגעבן קיין ריכטיקן אורטייל. אָבער ניט ווײַט פון דאַנעט, בײַם ברעג פון מדבר, שטייט אַן אַלטער בוים. מע רופט אים פון תּמיד אָן „דער בוים פון חכמה״. פאַר אים קומט מען מיט אַלע שווערע משפּטים און ער גיט אַ צייכן, ווער ס׳איז גערעכט און ווער ס׳איז אומגערעכט.

זײַנען אַלע זיבן בעלנים צוזאַמען מיט דער שיינער מיידל אַוועק צום „בוים פון חכמה״ און יעדער האָט דאָרט געטענהט זײַן טענה.

צום סוף האָט זיך דאָס מיידל דערנענטערט צום בוים. האָט ער זיך פּלוצים געשפּאָלטן. איז דאָס מיידל אַרײַן אין דעם שפּאַלט און דאָרט כּהרף־עין נעלם־געוואָרן און דער בוים איז ווידער געווען גאַנץ.

דערנאָכדעם האָבן זיך די צווײַגן גענומען שאָקלען און פון דער קרוין איז אַרויס אַ קול:

— יעדעס באַשעפעניש קערט זיך צוריק צו זײַן שורש.

מיט פאַרקלעמטע הערצער און אַראָפּגע־בויגענע קעפּ זײַנען די זיבן פאַרליבטע מאַנס־פאַרשוינען זיך פונאַנדערגעגאַנגען.



# דאַנקבאַרע חיות.

אַ רײַכער פּריץ איז געגאַנגען אין וואַלד אויף געיעג. איז ער געשטרויכלט געוואָרן און אַרײַנגעפאַלן אין אַ גרוב, וואָס פּויערים האָבן אויסגעגראָבן פאַר די וועלף.

די גרוב איז אָבער ניט געווען ליידיק. דאָרט איז שוין פריִער אַרײַנגעפאַלן אַ בער, אַ יַם-קאַץ און אַ שלאַנג.

איז יעדע חיה געזעסן אין דעם טיפן גע-פענקעניש אין אַ באַזונדערן ווינקל און איינער אויפן אַנדערן געקוקט מיט חשד און מורא.

דערזען די דרײַ שכנים, איז דעם פּריץ גע-וואָרן ביטער אויפן האַרצן. ער איז פאַרקראָכן אין פערטן ווינקל און גענומען שרײַען מיט אַלע כּוחות און רופן הילף. אַזוי דרײַ טעג. אָבער ס'האָט אים קיינער ניט געהערט.

דעם פערטן טאָג איז צופעליק פאַרבײַ אַ האָלצהעקער, מאַקע אַ קנעכט פונעם פּריץ. דערהערט דאָס יאָמערלעכע געשריי און דערקענט די שטים פון זײַן האַר, איז ער צו צו דער גרוב און געפרעגט, ווער סע רופט.

אַראָפּקוקן אין גרוב איז ניט מיגלעך געווען, וואָרום די גרוב איז געווען צוגעדעקט מיט אַ סך צווײַגן און מאָך. נאָר אויף איין זײַט פון דער גרוב איז געווען אָן אָפּגעדעקט לאָך. טאַקע דאָרט זײַנען די חיות און דער פּריץ אַרײַנגעפאַלן.

דערקענט, אַז דאָס קול, וואָס קומט פון אויבן, איז פון זײַנעם אַן אַרבעטער, האָט דער פּריץ געשריִען:

— איך בין דײַן האַר! העלף מיך אַרויס פון דער גבובּ! איך וועל דיר דאַן גוט באַצאָלן!

האָט דער האָלצהעקער גענומען אַ לאַנגן דראָנג און אַראָפּגעלאָזט אים אין דער טיפעניש. געפילט, אַז עמעץ האָט זיך דאָרט אונטן אָנגע-כאַפּט, האָט ער מיט גרויס מי אַרויסגעשלעפּט דעם דראָנג. אָבער אַרויף איז ניט דער פּריץ, נײַערט אַ גרויסער בער, וואָס איז מיט שווערע אָבער גיכע טריט אַוועק אין וואַלד אַרײַן.

דער קנעכט האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. געמיינט, אַז דער טײַוול האָט מיכלומרשט גע-רופן מיט דער שטים פונעם פּריץ און זיך פאַר-שטעלט פאַר אַ בער.

דער קנעכט האָט שוין געהאַלט אַנטלויפֿן. אָבער פֿון דער פֿינצטערער טיפֿעניש האָט דער פּריץ ווידער גערופֿן און געבעטן:

— האָב רחמנות! ראַטעווע מיך! איך ווייס, דו קלײַבסט זיך חתונה האָבן. זאָג איך דיר צו צו געבן אַלע חתונה־הוצאות.

דער האַלצהעקער האָט נאָך אַלץ געצווייפֿלט, צי ליגט דאָרט אונטן אין גרוב זײַן פּריץ, אָדער צי דאָס גאַנצע איז נאָר אַ שפּיצל פֿונעם טײַוול. אָבער דער אָרעמער קנעכט האָט גערן געהאַלט פֿאַרדינען אויף חתונה־הוצאות און ווידער אַראָפּגעלאָזט דעם דראָנג אין גרוב אַרײַן.

קוים איז דער דראָנג געווען אונטן, האָט זיך די אימפּעטיקע ים־קאַץ גיך אָנגעכאַפּט אָן אים.

דער קנעכט האָט דעם דראָנג גענומען צוריק אַרויפֿציִען. אַ ביסל האָט אים געוווּנדערט, וואָס זײַן האַר איז עפּעס מיט אַ מאָל אַזוי גרינג געוואָרן. ווי דער דראָנג איז געווען אויבן, איז די ים־קאַץ אַוועקגעשפּרונגען און פֿאַרשוווּנדן אין דער געדיכטעניש פֿונעם וואַלד.

דער קנעכט איז שוין געווען זיכער, אַז

דאָס גענאַרט אים דער טײַוול, און געוואָלט וואָס
גיכער אַנטלויפֿן פֿון דעם שרעקלעכן אָרט.

אָבער פֿון אונטן האָט זיך ווידער געטראָגן
אַ יאָמערלעך געשריי:

— דערבאַרעם זיך! לאָז מיך דאָ ניט! אין
גיכן פֿאַלט צו די נאַכט. איך וועל דאָ אומקומען
פֿאַר שרעק און פֿאַר הונגער! ראַטעווע מיך פֿון
דער גרוב און דו וועסט באַקומען פֿון מיר אַ הויז,
אַ שטיק פֿעלד און געלט!

לאַנג האָט דער פּריץ געשריִען און געבעטן,
ביז דער אַרבעטער האָט זיך ווידער דערוועגט
אַראָפּצולאָזן דעם דראָנג אין דער סודותפֿולער
גרוב אַרײַן.

דער פּריץ האָט פֿריער געמוזט שווערן, אַז
ער גופֿא איז דאָס טאַקע, וואָס שרײַט און בעט
הילף, און ניט דער טײַוול.

אָבער ווען דער קנעכט האָט צום דריטן
מאָל אַרויפֿגעצויגן דעם דראָנג, איז אויף אים
געהאַנגען אַ גרויסע שלאַנג.

דאָס שרעקלעכע באַשעפֿעניש איז כּהרף־
עין נעלם געוואָרן צווישן די קשאַקעס.

דאָס מאָל איז בײַ דעם אָרעמען האָלצהעקער

שוין ניט געווען קיין ספק, אז דאָס גאַנצע איז א שפּיל פונעם טײַוול און פון זײַנע לצים. די ניט גוטע.

האָט דער קנעכט אראָפּגעשריִען אין גרוב אַרײַן:

— איך הער א מענטשלעך קול, אָבער אַלע מאָל קומט ארויף א בייזע חיה! איך גיי איצט אַוועק פון דעם פארשאָלטענעם אָרט!

דער פּריץ האָט זיך אויסטערליש צעוויינט און געבעטן רחמים:

— פּרוּוו נאָך דאָס איינע מאָל, און אז דו וועסט מיך ארויסראַטעווען, וועל איך דיר אַוועקשענקען מײַן גוט און מײַן גאַנצן פאַרמעג!

האָט דער קנעכט געטראַכט:

— איז דאָס דער טײַוול, איז מײַן אומגליקלעכע נשמה אים איבערגעגעבן אויף אייביק. נאָר אפשר איז דאָס פאָרט דער פּריץ? אז ער וועט מיר אָפּגעבן זײַן גוט און זײַן פאַרמעג, גלייב איך אפילו ניט, אָבער העלפן וועט ער מיר און איך וועל האָבן א פרײַנד, וואָס וועט מיך שטיצן אין טעג פון נויט.

און דער קנעכט האָט צום פערטן מאָל מיט גרויס אימה אַראָפּגעלאָזט דעם דראָנג אין דער שדים-גרוב און דאָס מאָל ארויפגעצויגן טאָקע זײַן האַר. דעם פּריץ.

*

געשטאַנען אויבן, האָט דער פּריץ תּיכּף גענומען צאָרנען און זידלען:

— דו שוטה! האָלסט מיך שיר ניט געלאָזט אומקומען! שוין דעם דריטן טאָג ווי איך ליג אין גרוב און שרײַ און ס'איז קיינער ניט פאַרבײַ!

דער פריץ איז געווען שוואַך פון הונגער. האָט דער קנעכט אים אוועקגעגעבן זײַן ברויט, וואָס ער האָט בײַ זיך געהאַט פאַר אָוונטעסן.

ווי דער פריץ האָט זיך אונטערגעלענט דאָס האַרץ, האָט אים דער קנעכט געפירט אין הויף אַרײַן. נאָנט בײַם פּאַלאַץ האָט דער פריץ געזאָגט צום קנעכט:

— גײ! איך דאַרף דיך שוין ניט מער!

וועגן דעם צוגעזאָגטן גוט, וועגן דעם הויז, דער נחלה און דעם געלט האָט דער פּריץ אפילו ניט גערעדט.

*

צו מאָרגנס איז דער אַרבעטער אַוועק אין הויף זיך טראַכטנדיק: אויף חתונה־הוצאות לכל־הפּחות וועט אים דער פּריץ געבן!

געקומען אין הויף, האָט ער געזאָגט צו די דינער, מע זאָל אים מעלדן בײַם פּריץ.

האָבן די דינער געפרעגט, וואָס איז זײַן באַגער בײַם פּריץ.

האָט דער אַרבעטער דערציילט די גאַנצע מעשה מיט דער גרוב און די דרײַ חיות און וועגן דער גרויסער סכּנה, אין וועלכער דער פּריץ האָט זיך געפונען און וואָס ער האָט אים אַלץ צוגעזאָגט און ווי אַזוי ער האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דער פינצטערער טיפעניש.

האָבן די דינער זיך פאַר נקמה הילכיק צעלאַכט. וואָרום זיי אַלע האָבן דעם פּריץ פײַנט געהאַט בתּכלית השינאה, ווײַל דער פּריץ איז געווען אַ שלעכטער מענטש און זײַנע אַרבעטער, דינסטן און קנעכט באַהאַנדלט ערגער פון חיות. יאָ, עטלעכע דינער האָבן שטילערהייט געזאָגט: אַז זיי וואָלטן דעם פּריץ ניט געווען אַרויסגעראַטעוועט.

איז אַ דינער אָרײַן צום פּריץ און געמאָלדן:
— דער האָלצהעקער, וואָס האָט אײַך, האר, נעכטן ארויסגעראַטעוועט פון דער גרוב, איז אין הויף און וויל מיט אײַך ריידן!

דער פּריץ האָט זיך געשעמט מודה צו זײַן, אַז ער איז דרײַ מעת־לעת געלעגן אין אַ גרוב. איז ער אויפֿגעשטאַנען, געכאַפּט אַ בײַטש, ארויס צום קנעכט, אים געזידלט און געשאָלטן, געזאָגט, אַז ער פאַרשפּרייט שקרים, און אים געשלאָגן און ארויסגעטריבן פונעם הויף.

א פאַרשעמטער און אַ פאַרביטערטער איז דער ארבעטער אַוועק אין זײַן אָרעם הײַזל, וואָס בײַם ברעג וואַלד.

געקומען צום הײַזעלע, זעט ער: די טיר איז אָפן און אינעווייניק אין שטיבל זיצן: דער בער און די ים־קאַץ אין אויבן פריפּעטשיק — אַ צונויפגערינגלטע — די שלאַנג.

דער ארבעטער האָט זיך זייער דערשראָקן. אָבער דער בער איז אים אַ פרײַנדלעכער אקעגן געגאַנגען און אים ארײַנגעפירט אין קיך ארײַן. דאָרט איז אייפן דיל געלעגן אַ פרעכטיקער הירש. דאָס האָט דער בער געפאַנגען פאַרן ארבעטער.

דער אַרבעטער האָט זיך זייער געפרייט און געזאָגט:

— איצט האָב איך פלייש פאַר דער חתונה-סעודה!

דאַן איז צוגעקומען די ים-קאַץ און דעם אַרבעטער געגעבן אַ בינטל וואונדערלעכע בלומען.

האָט דער אַרבעטער זיך ווידער געפרייט און אויסגערופן:

— האָב איך שוין מיט וואָס מײַן אָרעם שטיבל אויסצוצירן!

דערנאָך איז צוגעקומען די שלאַנג, געבראַכט אין איר מויל צו טראָגן אַ טײַערן שטיין, וואָס האָט געבלישטשעט און געבלענדט.

דער אַרבעטער האָט ניט געקענט אָפּשאַצן דעם אמתן ווערט פון דעם שטיין, נאָר משער געווען האָט ער זיך, אַז אַ ביסל געלט וועט ער פאַר דעם שטיין באַקומען.

האָט דער אַרבעטער באַדאַנקט די חיות פאַר די שיינע מתּנות און מיט פרײַנדלעכע רייד זיי באַלייט אין וואַלד אַרײַן.

•

צו מאָרגנס איז דער אַרבעטער ווידער אַוועק אין הויף אַרײַן כּדי צו פאַרקויפן דער פריצטע

דעם שטיין. וואָרום דער אַרבעטער האָט געוווּסט, אַז די רײַכע פּרויען האָבן ליב אַזוינע בלי־שטשענדיקע שטיינער.

אָבער ווי דער פּריץ האָט דערזען דעם שטיין, האָט ער אַ פּאַטש געטאָן אין די הענט און אויסגעשריִען:

— דו גנבֿ, דו גזלן! זאָג, ווו האָסטו דעם דאָזיקן טײַערן שטיין געגנבֿעט?!

האָט דער האָלצהעקער דערציילט, אַז די חיות, וואָס זײַנען געלעגן אין גרוב צוזאַמען מיטן פּריץ, זײַנען נעכטן געקומען צו אים אין וואַלד־שטיבל, געבראַכט אים מתּנות, און דער שטיין איז דאָס געשאַנק פֿון דער שלאַנג.

איז דער פּריץ נאָך מער אַרײַן אין כּעס און געווילדעוועט:

— הײַבסט שוין אויף דאָס נײַ אָן מיט דײַנע שקרים! איך וועל דיר שוין ווײַזן, וואָס דאָס הייסט זיך אויסטראַכטן באָבע־מעשיות. מסתּמא ביסטו באַפֿאַלן אַ סוחר, אים דערהרגעט און בײַ אים צוגעראַבעוועט דעם טײַערן שטיין!

דער פּריץ האָט דעם קנעכט געלאָזט וואַרפֿן

אין תפיסה און דער ענין איז נאָך אַ צײַט גע־
קומען פאַרן געריכט.

*

דער קנעכט האָט פאַרן ריכטער דערציילט
אַלצדינג, פונעם אָנהייב ביזן סוף.

דער פריץ האָט אָבער געשוואָרן, אַז אַלץ,
וואָס דער אַרבעטער דערציילט, איז ליגן.

אַזוי ווי דער פריץ איז געווען אַ נאָענטער
פרײַנד פונעם ריכטער, האָט דער ריכטער גע־
גלייבט דעם פריץ און צום אַרבעטער געזאָגט:

— ברענג עדות. אויב ניט, וועסטו פאַרפוילט
ווערן אין געפענקעניש!

האָט דער אַרבעטער געענטפערט:

— מײַנע עדות זײַנען די דרײַ חיות אין וואַלד!

האָט דער ריכטער זיך הילכיק צעלאַכט
און געזאָגט:

— אַזוינע אויסטראַכטענישן וועלן דיר גאָר־
ניט העלפן. מיר וועלן דיך איצט פאַרמישפּטן!

אָבער גאָר פּלוצים האָט זיך דערהערט אַ
געזונט ברומען. די טיר האָט זיך געעפנט און
ס׳איז אַרײַן דער בער. אויף זײַנע פּלייצעס איז
געזעסן די פלינקע ים־קאַץ און אַרום דעם בערס

קערפּער איז געווען ארומגערינגלט די שלאַנג און איבער דעם בערס קאָפּ אַפּירגעקוקט מיט אירע קלוגע אויגן.

דער גאַנצער עולם וואָס אין זאַל האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. דער פּריץ האָט פאַר פּחד זיך באַהאַלטן אונטער איינעם פון די טישן. אָבער ווי די חיות האָבן זיך צערייצט וואָס אַ מאָל מער דערנענטערט צום באַהאַלטענעם, איז ער אַפּירגעשפּרונגען פון זײַן באַהעלטעניש און פאַרן ריכטער מודה געווען, אַז אַלץ, וואָס דער אַרבעטער דערציילט, איז אמת.

האָט דער ריכטער שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און דעם אַרבעטער באַפרײַט פון תפיסה.

•

דאָס וווּנדערלעכע געשעעניש איז גיך באַ־וווּסט געוואָרן אין דער גאַנצער מדינה, און אויך דער קיניג האָט דערפון געהערט. האָט דער קיניג דאָס גוט פונעם פּריץ געגעבן דעם האָלצ־העקער און דער פּריץ האָט זיך געמוזט אריבער־פּעקלען אין דעם קליינעם הילצערנעם הײַזל וואָס בײַם ברעג וואַלד.

דער אַרבעטער, וואָס איז פּלוצים געוואָרן
אַזוי רײַך, האָט געשיקט אַ שליח אין דאָרף
אַרײַן אָנצוזאָגן זײַן כּלה די גוטע בשׂורה און
אַז זי זאָל זיך גיך גרייטן צו דער חתונה.

די חתונה פֿון דעם געװעזענעם האָלצהעקער
איז געפּראַוועט געוואָרן שיין און ברייט.

די דרײַ דאַנקבאַרע חיות—דער בער, די ים־
קאַץ און די שלאַנג זײַנען אויך געווען אויף דער
חתונה און געקראָגן זייער חלק.

דער בער האָט באַקומען אַ פעט שעפּסעלע
און רייפטלעך ברויט מיט האָניק. די ים־קאַץ,
די נאַשערקע האָט מען מכבּד געווען מיט זיסע
עפּל און לעקעך, און די שלאַנג האָט געקראָגן
מילך, ווי פיל זי האָט נאָר געוואָלט.

פּאַרטאָג האָט אַ סאַרווער געוואָלט אַ קוק
טאָן אין פאַס, צי איז נאָך פאַראַן גענוג ביר. איז
ער דורכן לאָך אַרײַנגעפאַלן אין פאַס אַרײַן.

האָט דער עולם מורא געהאַט, אַז דער
סאַרווער וועט אין דעם גרויסן בירפאַס דער־
טרונקען ווערן, האָט מען גיך אויפגעדרייט דעם
צאַפּן און אַלע האָבן געטרונקען, געשיכּורט און
געזשליאָקעט, כּדי דאָס ביר אין פאַס זאָל וואָס

גיכער ווינציקער ווערן און דער סאַרווער זאָל קענען ווידער אַרויס אויף דער טריקעניש.

צום סוף האָט מען אַרויסגעשלעפּט דעם צאַפּן. איז דער סאַרווער געקומען אַרויסצו־שווימען מיט אַ פֿול גלאָז ביר אין האַנט און מיט זײַן ווײַסן מיצל געווונקען און געשריִען פֿאַר פֿרייד.

אָט אַזאַ חתונה איז דעמלט געווען...



# די ערד און ערדציטערנישן.

אַבדולאַ-איבן-מאַסוד, אַ געטרײַער תּלמיד פֿון מאַכמעדן, האָט אַמאָל געפֿרעגט בײַם נבֿיא:

— אויף וואָס איז באַפֿעסטיקט די ערד?

— האָט מאַכמעד געענטפֿערט אַזוי צו זאָגן:

— דער אייבערשטער האָט באַשאַפֿן אַ שור־הבּר. איז דער מרחק פֿון זײַן קאַרק ביז צום ווײדל אַ מהלך פֿון פֿינעף הונדערט יאָר, און דער מרחק צווישן די צוויי הערנער זײַנע איז

—

אַ מַהלך פון אַן ערך צוויי הונדערט פופציק יאָר.

אויף איין האָרן פון דעם דאָזיקן שור־הבור איז באַפעסטיקט די ערד.

*

האָט זיך אַמאָל דער שׂטן דער משחית צוגעטוליעט צום אייער פונעם שור־הבור און בײַ אים אַ פרעג געטאָן:

— ווי פילסטו זיך?

האָט דער אָקס זיך באַקלאָגט:

— גאָט דער רחמנותדיקער האָט אויף מיר אַרויפגעלייגט אַן אויסטערלישע משׂא, און וואָס זי איז אַזוינס, ווייס איך ניט.

האָט דער שׂטן געזאָגט:

— די משׂא, וואָס דו טראָגסט, איז די ערד, וואָס פון איר וועלן ווערן אכצן טויזנט וועלטן. וועט דאָס זײַן פאַר דײַנע כוחות? האָב־זשע שׂכל און ניץ אויס דעם איצטיקן מצב און וואַרף פון דיר אַראָפּ די משׂא, כּל־זמן ס׳איז נאָך צײַט.

האָט דער שור־הבור זיך געלאָזט אָנריידן פונעם שׂטן און גענומען שאָקלען מיטן קאָפּ און

טרייסלען מיטן האָרן, כּדי פּטור צו ווערן פון דער משׂא.

האָט דער אייבערשטער געשיקט אַ פליג און איר געבאָטן אַזוי צו זאָגן:

— גיי קריך אַרײַן אין די נאָזלעכער פונעם שור-הבור און גיב אים דאָרט אַ שטאָך!

האָט די פליג אויסגעפירט די שליחות פון זײַן ליבן נאָמען. זי איז אַרײַנגעקראָכן אין די נאָזלעכער פונעם שור-הבור, אים דאָרט אַ שטאָך געטאָן און אים סם אַרײַנגעטריפט אין דעם לעכל.

האָט דער שור-הבור פאַר גרויס ווייטיק גענומען מוראדיק רעווען. פון דעמלט אָן רופט מען אים דאָס טאַקע „דער רעווער״.

דערנאָכדעם האָט גאָט דער רחמנותדיקער צום שור-הבור אַזוי געזאָגט:

— באַחל דו האָסט געפאָלגט די רייד פונעם שטן און געווידערשפעניקט קעגן מײַן ווילן, האָב איך געשיקט די פליג, אַז זי זאָל געוועלטיקן איבער דיר, ביז ס'וועט קומען דער טאָג פון תחית-המתים. און אַלע מאָל, ווען דו וועסט וועלן עובר זײַן אויף מײַן געבאָט, וועט די פליג דיך שטעכן! —

איז תָּמיד, ווען דער שור הַבּור דערמאָנט
זיך אָן די רייד פונעם שָׂטן, נעמט ער שאָקלען
מיטן קאָפּ, טרייסלען מיטן האָרן און חיל פון
זיך אַראָפּוואַרפן די ערד.

דעמלט קומען ערדציטערנישן...

נאָר די פליג איז אָנגעבלייט און זי גיט
דעם שור-הַבּור תּיכּף א שטאָך. בלײַבט ער
ווידער שטיין א שטילער.

האָט דער אייגענער אַבדולא-איבן-מאַסוד
ווײַטער געפרעגט:

— נָביא! אויף וואָס-זשע שטייען די פיס
פונעם שור הַבּור?

האָט מאַכמעד געענטפערט:

— גאָט דער יודע-מַחשָׁבות האָט באַשאַפן
א פיש. איז דער מֶרחָק פונעם קאָפּ ביזן עק
בײַ אים א מַהלך פון פינף הונדערט יאָר. איז
אויף דעם דאָזיקן לוויָתן שטייען די פיס פונעם
שור-הַבּור.

— אויף וואָס-זשע ליגט דער לוויָתן?

— אויפן וואַסער!

— און דאָס וואַסער?

— אויפן הינט!
— און דער ווינט?
— איבערן גֵיהֶינום!
— און דער גיהֶינום?
— אויף אַ שיסל!
— און די שיסל?
— אויף אַ האַנט פון אַ מַלאך!
— און דער מלאך?
— אויף אַ האָרעם—און דער נאָמען פונעם
מלאך איז—דאַריאֵל!
— און וווּ האַלט זיך אויף דער דאָזיקער
מַלאך?
— אונטערן זיבעטן מָדור*) פון גיהֶינום!

ששששששששששש

*) שבעי־מדורי־גיהינום—די זיבן אָפּטיילן פון גיהינום.

# דער אייזל אין דער פרעמד.

אַן אייזל האָט געדינט בײַ אַ מילנער און געהאָרעוועט עבֿודת־פּרך. טאָג און נאַכט געמוזט שלעפּן שווערע זעק מיט תּבֿואה און מיט מעל.

צו פרעסן האָט אים דער באַלעבאָס זײַנער געגעבן זייער ווייניק, אָבער בײַטשן האָט ער אים דווקא ניט געזשאַלעוועט.

האָט דער אייזל געליטן און געהאַט שטאַרק תּרעומות צום רבונו־של־עולם, פאַרוואָס אייזלען זײַנען אַזוי געשטראָפט אויף דער דאָזיקער וועלט און ווערן כּסדר פאַרפינצטערט און פאַרשוואַרצט.

אַמאָל האָט דער אייזל געהערט, אַז אין ווײַטע געגנטן איז פאַראַן אַ מדינה, וווּ ס'זײַנען קיין אייזלען אין גאַנצן ניט בנימצא, און זינט די וועלט איז באַשאַפן געוואָרן, האָט מען קיין אייזלען נאָך קיין מאָל דאָרט ניט געזען.

האָט דער אייזל צו זיך געזאָגט:

— אָ, דאָס איז אַ מדינה פאַר מײַנעטוועגן. וואָרום אַז די מענטשן דאָרט קענען בכלל ניט קיין אייזלען, איז במילא ווייסן זיי ניט, אַז מע קען אייזלען אויסנוצן און לאָזן שלעפּן שווערע

מַשׂאות. אין יענער מדינה װעל איך זײַן אײנער פון מײַן מין און דער עולם װעט פאַר מיר דֶרֶך־אֶרֶץ האָבן. חוץ דעם האָב איך אַ נישקשה־דיקע שטים, און אַז איך װעל זיך צעלאָזן אויף מײַן כּלי, װעלן זיי מײנען, אַז דאָס רעװעט אַ לײב. און װעלן פאַר מיר ציטערן. איך װעל מיר דאָרט פּטור זײַן פון אַלע צרות און מיר פירן אַ לעבן אין רו און אין װוילטאָג.

*

איז געקומען אַ שעת־הכּושר און דער אײזל האָט עוקר געװען פון זײַן גיהינום. ער איז געלאָפן איבער פעלדער און פלײנען, איבער װעלדער און װיסטעניש, ביז ער האָט דערגרײכט דאָס לאַנד פון זײַן בענקשאַפט.

דערזען פון דער װײַטנס די הויפטשטאָט, איז ער אַרויף אויף אַ שײנער פעטער לאָנקע, װאָס האָט זיך געצויגן פאַזע דעם װעג, און גע־נומען פרעסן מיט גרויס חשק און הנאה.

באַלד איז אָנגעקומען דער פוייער. דערזען, אַז אויף זײַן פעלד דרײט זיך אַרום אַ חיה און שאַדנט אין גראָז, איז ער גיך אַװעק אַהינצו און זי געװאַלט אַװעקטרײַבן.

אָבער דער אייזל האָט זיך אָקעגנגעשטעלט.
א האָפּערדיקער און געוואַגטער אויפגעמאַכט
זײַן כּלי און זיך צעגאָרגלט אויף קולי־קולות.
אַזש די וועלדער אַרום האָבן געציטערט.

האָט דער פויער זיין זייער דערשראָקן
און ראַפּטום געלאָפן אין שטאָט אַרײַן. געצויגן
פאַרן גלאָק, וואָס איז געהאַנגען אויף א הילצער־
נעם טירעם, און צו וויסן געטאָן וועגן דער סכּנה.

האָבן זיך די שטאָטלייט צונויפגעקליבן
און דער פויער האָט זיי דערציילט:

— אויף מײַן פעלד דרייט זיך אַרום אַן
אויסטערלישע חיה — אַזאַ, וואָס ניט מיר, ניט
אונדזערע טאַטעס און ניט אונדזערע זיידעס און
עלטער־זיידעס האָבן אַזוינס געזען. אויערן
האָט דאָס באַשעפעניש לאַנגע ווי א שד, און
אַ קול — ממש ווי א לייב. דאָס חיות איז מיר שיר
ניט אויסגעגאַנגען פאַר שרעק. געהאַט נסים,
וואָס זי האָט מיך ניט אײַנגעשלונגען! איינער
וועט באַין־אופן ניט קענען גובר־זײַן די חיה.
מיר דאַרפן זיך אַלע וואָס גיכער צונויפנעמען
און זי דערהרגענען. איידער זי וועט באַוויזן
אָנצומאַכן א חורבן!

די דאָזיקע בייזע בשׂורה האָט אין דער גאַנצער שטאָט אַרויסגערופן אַ שרעק און אַ בהלה און אַלע האָבן זיך געגורט און באַוואָפנט מיט וואָס מע האָט נאָר געקענט.

חייבער זײַנען געקומען מיט קאָטשערעס און לאָפּעטעס, דינסטן — מיט בעזעמער, קצבים — מיט שאַרפע מעסערס, שוסטערס — מיט אָלן, שנײַדעריונגען — מיט שערן, סטאָלערס — מיט זעגן, שמידן — מיט שווערע האַמערס און דער לערער — מיט שפּיציקע פּענעס...

אַזוי אַ האָט זיך אַ גאַנצער חיל אַרויסגע-לאָזט חוצן שטאָט, צו פירן מלחמה מיט דער ווילדער חיה.

*

דער אייזל האָט דערווײַל זיך געהאַט גוט אָנגעגעסן. זאַט פון געשמאַקע גראָזן און קרײַטעכ-צער, האָט ער זיך געפילט גאָר מחיהדיק און געהוען לוסטיק און שטיפעריש.

דערזען די מחנה, וואָס רוקט זיך אָן, האָט ער זיך קנאַפּ וואָס דערשראָקן. מיט ברען און גבורה איז ער די שונאים אַנטקעגן געגאַנגען.

אויפגעהויבן זײַן האַלדז דרייסטער ווי תּמיד און זיך צערעדעט ווי אַ סטאַרע יונגע לייבן.

די גיבורים, דערהערט דאָס קול און געזען, אַז די חיה קומט אַלץ נעענטער, איז אויף זיי אַלעמען געפאַלן אַ פּחד און ס׳איז צווישן זיי געוואָרן אַ מהומה און אַלע האָבן גענומען אַנטלויפן. אַ טייל זײַנען צוריק אין שטאָט אַרײַן, אַ טייל — זיך אַרויפגעדראַפּעט אויף די ביימער, אַ טייל — זיך באַהאַלטן צווישן געדיכטע קשאַקעס. דער לערער, נעבעך, איז גאָר אַרײַנגעפאַלן אין אַ ברונעם און פון דער טיפעניש געבעטן הילף.

די וואָס זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן, האָבן גיך פאַרהאַקט די שטאָטטויערן, אַרויפגעקלעטערט אויף די דעכער און אויף די מויערן פון דער שטאָט און געציטערט און זיך געשראָקן פאַר דעם מלאך־המות, וואָס אין דעם געשטאַלט פון דער פרעמדער אויסטערלישער חיה.

דער אייזל איז דעם עולם נאָכגעלאָפן כּמעט ביז צום טויער פון דער שטאָט.

אָבער פּלוצים האָט ער דאָרט דערזען אַ שטיק פעלד מיט שיינע הייפּטלעך קרויט. האָט ער פאַרגעסן אָן זײַנע שונאים, איז אַרײַן צווישן

די בייטן און גענומען עסן מיט גרויס תשק. אגב איז ער געווען א ביסל מידלעך פון דעם שרייען און לויפן און זיך געוואָלט א קאפעטשקע אָפרוען.

ווי דער עולם האָט געזען, אַז די חיה איז אזוי פאַרטאָן אין דער אכילה, האָט אַזא הנאה פונעם קרויט און איז דאווקע ניט אזוי שטאַרק זשעדנע נאָך מענטשנפלייש, האָבן זיי פאמעלעך זיך אָנגעהויבן מישב-צו-זיין: אַז דאָס באשעפעניש איז מיסתמא גאָר ניט אזוי געפערלעך ווי דאָס אויסזען זיינס און ווי זיין אייסטערלישער קול.

האָבן עטלעכע יונגעלייט זיך איינגעשטעלט, גיך אָנגעכאַפּט דעם אייזל פאַרן עק און פאַר די אויערן און פיר גאָר געחאַגטע יאַטן האָבן זיך ארויפגעזעצט אויפן אייזלס רוקן.

דער אייזל האָט זיך געווערט מיט אַלע כוחות, געהירזשעט און געבריקעט. אָבער די יונגעלייט האָבן אים געהאַלטן פעסט. זיי האָבן באַלד דערקענט, אַז דאָס איז, נעבעך, א בידנע, אומשולדיקע חיה און אַז זי קען לגמרי קיין שלעכטס ניט טאָן.

די פיר געוואַגטע יאַטן זײַנען אויפן אייזלס רוקן אַרײַנגעריטן אין שטאָט אַרײַן און די גאַנצע מַחנה האָט זיי באַגלייט מיט געזאַנגען און פריילעכע געווינקען מיט היטלען און פאַ־טשיילעס.

זיך אָפּגעשטעלט אין מאַרק, האָט דער עולם־געזען, אַז די חיה איז גאָר אַ חוילע, אַז זי קען אויף זיך אַ סך טראָגן און אַז לְהַבָּא וועלן זיי שוין ניט דאַרפן אַליין שלעפן זייערע זעק אין מיל אַרײַן.

איז דער אייזל ווידער געוואָרן אַ שקלאַף אין אַ מיל. פריִער געהאָרעוועט פאַר איין באַ־לעבאָס, האָט ער איצטער געמוזט האָרעווען פאַר באַלעבאַטים פון אַ גאַנצער שטאָט.

אליעזר שינדלער

# שלאַנגען.

געווען אַמאָל צוויי גאַר אויסטערלישע שלאַנגען.

איין שלאַנג האָט געהאַט איין עק און אַ סך קעפּ, די צווייטע שלאַנג — איין קאָפּ און אַ סך עקן.

איז געקומען אַ האַרבער ווינטער. האָבן זיך די צוויי משונהדיק־מאָדנע באַשעפענישן גענומען אַרומזען וועגן באַהעלטענישן.

פאַר דער פילקעפּיקער שלאַנג איז יעטוועדער נאָרע געווען צו ענג: די קעפּ האָבן געפירט אַ גיפטיקע מלחמה, זיך געריסן און געביסן און צום סוף גאָר פאַרקראָכן אין באַזונדערע גריבלעך.

דער קערפּער פון דער שלאַנג איז אָבער געבליבן ליגן אין דרויסן. ער איז אומגעקומען פאַר קעלט, און צוזאַמען מיט אים זײַנען אויך אויסגעפּגרט אַלע קעפּ...

אַנדערש איז געשען מיט דער איינקעפּיקער שלאַנג. זי האָט גאָר גיך געפונען אַ מקום־מיקלט, איז באַלד אַהינצו אַנטרונען, האָט אַלע אירע עקן אַרומגעדרייט אונטער זיך און אויף אַזאַ אופן זיך געראַטעוועט פאַר די מוראדיקע פרעסט.

# די ערשטע שוואַלב *).

אין פּאַלאַץ פון אַ גרעפין האָט געדינט אַ
יונג מיידל. איז זי געווען זייער אַ שטאָלצע און
געהאַט אַ סך איינגערעדעניש: אַלץ נאָר גע-
טראַכט וועגן שיינע מלבושים, אַרומגעגאַנגען
אָן אויסגעפּוצטע אין עסיק און אין האָניק און
אַפילו אין דער וואָכן ביי דער אַרבעט געטראָגן
אַ טונקל-בלאָ קלייד מיט אַ ווייס שפּיצנלעצעלע
אויף דער ברוסט.

פלעגט זי אָפט גנבענען פון דער באַלע-
באָסטע זאַכן.

איין מאָל האָט זי צוגענומען אַ קנײַלעכל
גאַרן, אַ נאָדל און אַ שער.

אַז די גרעפין האָט באַמערקט די גניבֿה און
דעם מיידל אָפּגעהאַלטן, האָט דאָס מיידל גע-
נומען לייקענען און שווערן:

— זאָל פון מיר תּיכּף ווערן אַ פויגל, וואָס
פליט אין דרויסן, אויב איך בין די גנבטע!

און פּלוצלונג איז פון איר געוואָרן אַ טונקל-

*) זעסט א. שינדלער „אויף זוניקע פלײצן" — דאָס מעשהלע „ווען די שוואַלבן זײַנען באַשאַפן געוואָרן".

בלאָער פויגל, מיט אַ ווײַס בריסטעלע, מיט אַ קעפּעלע ווי אַ גאָרן-קנײַלעכל, מיט אַ שנעבעלע ווי אַ נאָדל און מיט אַן עקעלע ווי אַ שערעלע.

דאָס נײַע פייגעלע איז גיך אַרויס דורכן פענצטער, געפלויגן ביזן שכנישן הויז, זיך אָפּ-געשטעלט און גענומען לייקענען אויף גע-צוויטשער-לשון:

— אומזיסט איז די גרעפין מיך חושד, אַז איך האָב געגנבעט נאָדל-פאָדעם-שער!

פליט דאָס פייגעלע פון אָרט צו אָרט. צוויטשערט אומעטום דאָס אייגענע.

און וועט ווײַטער אַזוי טאָן תּמיד און אייביק.

אָט יעלמט טאַקע איז דאָס באַשאַפן געוואָרן דאָס ערשטע שוועלבעלע.

# דער האָז און די מאַלפּע.

די מאַלפּע האָט אַ מאָל אַ פרעג געטאָן בײַם האָז, ווי כע קומט עפּעס צו אים אַזאַ מיאוסע טבע זיך כסדר אומצוקוקן.

האָט דער האָז געענטפערט: אַז ווער יאָ,

אָבער די מאַלפּע האָט שוין אין גאַנצן קיין רעכט ניט צו זוכן פּעלערן בײַ אַנדערע, וואָרום איר געוווינהייט, אָן אויפהער זיך צו לויזן און צו קראַצן, איז גאָר מיאוס.

אַ שפּאָר ביסל זיך אַזוי געווערטלט און געקריגט, זײַנען זיי אײַנגעגאַנגען אַ געוועט: צו זיצן אין שכנות פון באַגינען ביזקל דער שקיעה, און די גאַנצע צײַט זאָל זיך די מאַלפּע ניט לויזן און ניט קראַצן און דער האָז זאָל זיך ניט אומקוקן.

קאַיאָר זיך צונויפגעקומען, איז דער האָז געזעסן ווי פאַרגליווערט, קוקנדיק אויף איין פּינטל, און די מאַלפּע איז אויך געזעסן במנוחה און די הענט אירע געהאַלטן פאַרלייגט אין שויס.

אַזוי זײַנען אַריבער עטלעכע שעה, און מיט גרויס אײַנגעשפּאַרטקייט איז מיגלעך געווען פאַר די צוויי זיך צו באַצווינגען.

געקומען מיטיק-צײַט, האָט די מאַלפּע בײַן-אויפנשוין ניט געקענט אויסהאַלטן די פּײַן און געזאָגט:

—בשעת איך בין געווען אין מילחמה, האָבן מיך די פײַלן פון די פײַנד געטראָפן אָט אַ דאָ און דאָ און דאָרט און אָט אַ דאָ...

און אומעטום, ווו די מאַלפּע האָט געטאַפּטשעט מיט די פינגער, האָט זי זיך אין דער גיך געטאָן א קראַץ...

דעם האָז איז אָבער אויך אָנגעקומען מיט שוויים צו זיצן שעהנלאַנג אין גליווער. האָט ער אויך אָנגעהויבן מיט א קאַפּיטל „מלחמה־זיכרונות" און געזאָגט:

— ווען איך בין, ניט היינט געדאַכט, געווען אויף די שחיטה־פעלדער, האָבן מיך דעם שונאס זעלנער נאָכגעיאָגט. בין איך פאַר גרויס שרעק געשפּרונגען אין זיגזאַגן דאָ און דאָרט, אָט אויף רעכטס און אָט אויף לינקס...

און בעתן דערציילן האָט דער האָז זיך טאַקע געשווינט אומגעקוקט אויף אַלע זייטן און זיינע אויגן, וואָס זיינען אַזוי לאַנג געווען פאַרשטאַרט, האָבן גיכער ווי די בליצן געבליקט אויף די באַוועגונגען פון זיינע גלידער.

אַזוי אָ האָבן זיי איינער דעם צווייטן אָפּ־גענאַרט און ס׳האָט קיינער דאָס געוועט ניט פאַרשפּילט.

# וואָס אַ וואַנץ האָט אַלץ געוואָלט ווערן.

אַ נישטיקע גראָע בלעטערוואַנץ איז גע־
קראָכ׳ איבער אַ בלעטל.

זי איז מיט זיך שטאַרק נישט צופרידן גע־
ווען און געטראַכט:

— וואָס איז, מישטיינס געזאָגט, אזוינס
אונדזער קלאָגעדיק לעבן און וואָס זײַנען מיר
נעבעך אין גאַנצן?! אַ טראָפּעלע שמוציק וואַסער
און גאָרנ... אָבער דער מענטש!

איז פון איר גלײַך געוואָרן אַ פויער.

ער איז געשטאַנען אויפן פעלד, געהאָרע־
וועט שווער און ביטער, אַזש די זײַטן האָבן אים
געבראָכן פאַר ווייטיק און ער האָט געזיפצט:

— אַזאַ מוראדיקע טריקעניש! קיין תבואה
געראָט ניט! דער דלות וואַקסט ווי קראָפּעווע,
מע ווערס וואָט אַ מאָל מער קבצן! אָבער זיי, די
רײַכע!..

איז ער באַלד געוואָרן אַ גרויסער גביר.

האָבן זיך גראָד זעלנער אַרײַנגעריסן צו אים
אין פּאַלאַץ אַרײַן און געשריגן:

—אין לאַנד איז מילחמה, און דו ליגסט אויף
דײַנע געלטזעק! אַהער מיט דעם אָנגעראַבעוועטן
פאַרמעגן! מיר קומען אין נאָמען פון יענעראַל!
האָט די וואַנץ זיך געטראַכט:
— אָט אַ יענעראַל ווי מעכטיק ער איז!
איז זי געוואָרן אַ יענעראַל.
איז דער קיניג געקומען און געזאָגט:
— יענעראַל! איר האָט דעם קריג פאַר־
שפּילט און איר מוזט איצט באַצאָלן מיט אײַער
קאָפּ! זעלנער! שטעלט דעם יענעראַל צו דער
וואַנט! שיסט!
— יאָ, דער קיניג! ער איז דער הערשער—
האָט די וואַנץ נאָך ניט באַוויזן צו טראַכטן...
און זי איז געוואָרן אַ קיניג.
האָבן די חילות זיך צעבונטעוועט און גע־
פײַערט:
— אַראָפּ מיט דעם מלך! ער אַליין איז
שולדיק אין אַלע מפּלות! ער, דער אכזר! דער
בלוטזויגער!
טויזנטער שווערדן האָבן מיט אַ מאָל אויפ־
געבליצט אין דער לופטן און דער מלך, די וואַנץ,
האָט געזיפּצעט:

— נאָר גאָט אַליין, געוועלטיקט איבער
אַלעמען, איך וואָלט געוואָלט — — —
— פאמעלענקע! — האָט גאָט געזאָגט —
בלײַב, זײַ מוחל, ווי דו ביסט, ווענצל!
איז די וואַנץ ווי אין אָנהייב, אַ נישטיקע
און גראָע, ווידער געקראָכן איבער איר בלעטל
און געטראַכט:
— אַט אַזוי איז דאָס מזל פון אונדזער מין,
מישטיינס געזאָגט. טאָמער וויל מען אויך אַ מאָל
ווערן מיט לײַטן גלײַך, ענטפערט מען אונדז:
— בלײַב, זײַ מוחל, ווי דו ביסט!

# די פליגן.

פויערים זײַנען געקומען צו זייער עלטסטן,
דעם קלוגן ראַדאָוו חאַיאָוויטש און געזאָגט:
—מיסתמא האָסטו שוין געהערט, אַז מע גייט
אויסקלײַבן אַנדערע מלוכה־לײַט און מע גרייט צו
נײַע געזעצן. איז ווי מיינסטו, וועט אונדזער יאָך
אַ ביסל גרינגער ווערן?

שמײכלט דער אַלטעטשקער װאָיאָװיטש און נעמט דערצײלן פֿאַר די פּױערים אַ זאַ מַעשהלע:

— געװען אַ מאָל אַ גַנב. האָט ער אַ צײַט מיט יאָרן אױסגעפּירט גאָר געװאַגטע גנֵיבות. סוף־כּל־סוף האָט די פּאָליציי אים געכאַפּט, צו־געבונדן צו אַ בױם און געשטעלט מיטן פּנים צו דער זון.

ס'איז געװען זומערצײַט. זײַנען אים פֿליגן איבערגעפֿאַלן. אָבער אַ געבונדענער האָט ער זיך ניט געקאָנט װערן.

איז פֿאַרבײַ אַ װאַנדערער, אײנער פֿון דער יַם־געגנט, און דערזען אױפֿן פּנים פֿונעם גע־בונדענעם אַ טשאַטע פֿליגן. האָט ער רַחמָנות געהאַט און גענומען מיט זײַן קאַשקעט פֿאַר־טרײַבן די בלוטזױגער.

שרײַט דער גַנב:

— לאָז, ברודערקע, פֿאַריאָג זײ ניט, זײ זײַנען שױן כּמעט װי זאַט. די פֿליגן, װאָס װעלן קומען דערנאָך, זײַנען אױסגעהונגערטע, װעלן זײ נאָך מער צאַפּן מײַן בלוט!

# די דרײַ רינגען *)

אַ סולטאַן האָט אַ מאָל גאָר נײטיק געדאַרפט
האָבן אַ גרויסן סכום געלט און ניט געװוסט פון
װאַנעט עס צו נעמען.
האָבן זײַנע ראַטהאַרן אים געגעבן אַ עצה:
— טראַכט אויס אַ בילבול אויף דעם רײַכסטן
יידן פון דײַן מלוכה, װעט ער זיך דאָך װעלן
ראַטעװען. װעסטו אויף אַ גאָר גרינגן אופן באַ־
קומען דאָס יידישע עשירות אין דײַן רשות.
האָט דער סולטאַן גענומען קלערן און איז
געפאַלן אויף אַ המצאה צו פרעגן בײַם יידישן
מאַגנאַט: װעלכער גלויבן ס׳איז דער בעסטער.
װעט דער ייד ענטפערן, אַז דער יידישער
אָדער דער קריסטלעכער גלויבן, װעט ער אַזוי
אַרום באַליידיקן דעם מוסולמענישן, און מיט דעם
אויסרייד װעט מען דערנאָך בײַ אים קענען
צונעמען זײַן האָב און גוטס.

---

*) פאַראַן פון דעם דאָזיקן אַלט-איטאַליעניש מעשהלע פאַרשידענע װאַריאַנטן. אונטער דער השפּעה פון אַ שפּעטערדיקן נוסח האָט דער באַװוסטער דײַטשישער דיכטער און אוהב-ישראל אפרים גאָטהאָלד לעסינג אָנגעשריבן זײַן דראַמע „נתן דער חכם".

א. ט.

— טאָמער אָבער וועט דער ייִד זאָגן, אַז דער בעסטער גלויבן איז דער מוסולמענישער, וועט אים דער סולטאַן דאָן אַ פרעג טאָן: פאַר-וואָס-זשע גייט ער ניט אַריבער צום איסלאַם?

*

האָט דער סולטאַן געשיקט נאָך דעם ייִדישן גביר און בײַ אים געפרעגט:

— זאָג נאָר, וועלכע אֶמונָה איז די בעסטע?

דער ייִד האָט גאָר ניט לאַנג געטראַכט און תּוך-כּדי-דיבור דעם סולטאַן געענטפערט מיט אַזאַ אַ מָשל:

— געווען אַ מאָל אַ טאַטע פון דרײַ זין. האָט ער פאַרמאָגט אַ רינג, אײַנגעפאַסט מיט אַ דימענט, אַ יקר-המציאות, וואָס האָט אויפן גאַנצן ערדקויל ניט געהאַט זײַנס גלײַכן.

יעדער פון די דרײַ זין האָט געוואָלט ירשענען דעם רינג. האָט דער פאָטער געלאָזט רופן אַ געניטן גאָלדשמיד און צו אים אַזוי גע-זאָגט:

— מאַך מיר, מײַסטער, צוויי רינגען, וואָס זאָלן גענוי אַזוי אויסזען ווי דער דאָזיקער רינג, און אין יעדן פון זיי פאַס אײַן אַ שטיין, ענלעך צום דאָזיקן שטיין!

האָט דער גאָלדשמיד אויסגעאַרבעט צוויי רינגען, וואָס האָבן גראָד אַזוי אויסגעזען ווי דער ערשטער, און אַ חוץ דעם פאָטער האָט קיינער ניט געקענט דערקענען, וועלכער ס׳איז דער ריכטיקער.

דערנאָכדעם האָט דער פאָטער גערופן איינציקווייז די זין און בסוד יעדן געגעבן זיין רינג. און אַ יעדער פון די ברידער האָט געגלייבט, אַז ער האָט טאַקע דעם ריכטיקן רינג. אָבער דעם אמת האָט קיינער ניט געוווּסט, נייערט דער פאָטער אַליין.—דאָס אייגענע איז, חשובער האר, מיט די דריי אמונות. נאָר דער באַשעפער פון אַלע וועלטן ווייס, וועלכער גלויבן ס׳איז דער בעסטער, און פון די זין זיינע—דאָס זיינען מיר—גלייבט יעדער, אַז ער האָט דעם ריכטיקן גלויבן!

דערהערט, ווי דער ייִד האָט זיך אַזוי שכלדיק אַרויסגעדרייט פון דער פּעטליע, האָט דער סולטאַן שוין ניט געקענט האָבן צו אים קיין שום טענות און תביעות און אים אוועקגעלאָזט במנוחה.



# אינהאַלט:



